מיר בערויבט אומזיסט. מעהר וויא 50 יאהר האב איך אבגעלעבט אין דער פינסטער גאנץ אליין. איך האב אפילו ניט געזעהן דיעזע גאנצע צייט וויא די זון געהט אויף און אונטער, אבער איך האב זיך ענדליך אזוי צוגעוואָהנט צו מיין פער־שווארצטען לעבען, אז דיא שטראהלען פון דער זון לאנגווייליגען מיר יעצט ביז צום טויט. איך בין אזוי עלענד אין דיעזע ליכטיגע וועלט! קיינער געדענקט מיר ניט. איך בעט דיר, אלזאָ גרויסער טשינג־וואנג, עפען מיר צוריק דיא טהיר פון מיין אלטבעקאנטע געפענגניס, איך וויל גליקליך פערברענגען מיינע לעצטע טעג אין דעם זעלבען פלאַטץ וואו איך האב אבגעחושך׳ט מיינע יונגע יאהרען.

דער אלטער מאן וויסט גאנץ גוט אז דיא וועלט האָט איהם קיין גליק פערשאפט, דיא תענוגים פון עולם־הזה פערטרויען איהם אויך א סוד און אויער אז דאס זעלבע ביסעל פערגניגען וואס זיי האבען איהם פערשאפט ביז יעצט, וועט אין דער צוקונפט פיטל שוואכער ווערען, דאָך ליעבט ער דיא וועלט מיט יעדען טאָג מעהר, ווייל וואס מעהר דער מלאך־המות זייפט אן זיין קאָפּ, ווערט אלץ זיין ליעבע שטארקער צו דער וועלט, צו איהרע פראָדוקטען, ליבע, שאטען, בלומען און דערגער!

עס איז זעהר נאטירליך, ווייל דיא אלטע בעקאנטשאפט וואס האלט זייא צו פעסט צום לעבען ווייזט זיי ביז אויפ׳ן שוועל פון קבר א וועלט מיט גאָלדענע חלומות, און וואס מעהר זיי ווערען עלטער, שוועבען זייא אלץ מעהר דורך ראָזע וואָלקענס אויף דיא גרינע אינזלען פון אייביגע יוגענד.

---

## ווען עס זינגט זיך אליין.

---

פראָפ. ה. רוסאטא, נויאָרק.

איך האב ערהאלטען אייער ארטהאָדאָקסישען „כל־נדרי" דער מעלאָדישער זיפץ פון אונזער היסטאָריע.

כל־נדרי! וואס פיר א גרויסארטיגער קאפיטעל פילאָזאָפיע עס איז אָנגע־שריעבען, ניט אין דיא ווערטער, נור אין דיא טעננער פון דיעזען מוזיקאלישען

סרעבין, מיט וועלכען מיר בעגריסען ערב יום כפור דעם גרויסען טאָג פון פערגע־
סען און פערגעבען!

ווען אונזער זעעלע איז פערוואָלקענט און אונזער הערץ טריפט מיט בלוט,
ווען פערצווייפלונג גרייפט אונז אָן, און דער אונגליק קוקט אונז חלילה אָן אין
פנים — דאן פאנגען מיר אן זעהר אָפט זינגען בעקאנטע טעננער וואס צוגיסען
זיך אויף אונזער זעעלע. מיר זינגען ניט, נור ע ס ז י ך בייא אונז! מיר זוכען
אלס טרייסטער איין אלטען טאָן פון אונזערע סקארבאָווע נגונים, און ער דער־
צעהלט אונז דאס וואס ווערטער קענען נים ארויסגעבען. אבער דער שעהנסטע
פון דיעזע סקארבאָווע נגונים איז אָהן א צווייפעל אונזער „כל־נדרי“ וואס דער־
צעהלט אונז אזוי איינפאך דעם אידען'ס קאמפף צווישען דיא פעלקער, זיין ליעבע
צו זיין נאציאָן, זיין בליק צום הימעל, זיין העלדענטהאט, זיינע שטראהלען, זיינע
וואָלקענס, זיין פאל, זיין האָפנונג און זיין זיעג!

לאָמיר זעהן וואס דערצעהלט אונז דיעזע אידישע מעלאָדיע פון אונזער אלטען
כל־נדרי. מיר זאָגען פון אונזער אלטען כל־נדרי, ווייל מיר מיינען יעצט דיא זאָגענאנטע
היינט מאָדישע „אררענזשירטע“ כל־נדרי'ס וואס ענטהאלטען מעהר פרעמדע פלאנ־
צונגען וויא היימישע נור אייער אלטען אידישע כל־נדרי וויא איהר האט עס אומגעשריי־
בען אין נאָטען. וואס ערצעהלט אונז דיזער כל־נדרי וואס מאכט אזא שטורם אין אונזער
זעעלע? באלד דיא ערשטע טעננער פאנגען זיך אָן מיט דיא שוידערהאפטע פער־
צווייפלונג פון לאנגען „אאָאָי“ וואס האלט זיך אָפּ ביי דעם וואָרט נ ד ר י. אָבער
דיעזעלבע פערצווייפלונג פאנגט זיך באלד ווידער אָן מיט א הערצען'ס רייסענדען
יאָמער אין דעם מוזיקאלישען איבערגאנג. וויא קענען, וויא זאָלען דיא איינפאכע
טעננער בעסער אויסדריקען דיא קליינקייט פון מענשען וועלכער וואנדערט דא
אויף א קורצער צייט אויף א שטרויענעם בריק געצווינגען פון וויגעלע ביז קבר?
דער מענש! היינט איז ער א טהייל פון דיעזע וועלט און מאָרגען קענען מיר
נים דערגרייכען אפילו מיט א ספיקטיף דעם שאטען וואו ער איז פערשוואונדען.
נימאָ קיין מענש! אך, וויא דיא טעננער דערצעהלען אונז אזוי קינסטליך אונזער
קאמפף, דער איד איז אָבער אָפטימיסטיש געזאָגען, ער איז א גם־זו־לטובה, און
פון דעם טיפסטען קרעבין „אנדאנטע“ שפרינגט ער ארויף אויף דיא הייטליכע
„אלעגרעטאָ“ פאר'ן שלום פון כל־נדרי, ווייל דעם אידען'ס מאָטטאָ איז
האָפפען, האָפפען און האָפפען, זאָגאר ווען זיינע פיס שטעהען אויף'ן שוועל
פון תהום.

—

א ביאָגראפיע אין טעננער פון א גאנצע נאציאָן און דערצו אין א זעהר קורצע קאָמפאָזיציאָן וויא כל־נדרי איז — דאס אליין איז דער בעסטער בעוויז אז דער וואהרער מוזיקאלישער טאלענט האט נאר ניט צו טהאָן מיט ציוויליזאציאָן, שול־טעכניק, הארמאניע, פוגען מאדולאציאָן א. ז. וו. א גרויסער מוזיקער וואקסט ארויס גאָר אָהן נאָטען פונקט וויא א גרויסער פּאָעט קען ארויסוואקסען אהן א דיפּלאָמע און אָהן איין אוניווערזיטעט. דער פּערפאסער פון כל־נדרי האט געבליהט א צייט איידער עס האט געלעבט דער איטאליענער גוי־דיארעזזאָ וועלכער האט אויסגעטראכט דעם מוזיקאלישען אלף־בית — נאָטען.

וואס איז דער וואונדער? דעם מענשען׳ס הערץ האט קיין גראמאטיק, די ריינע מוזיקאלישע זעלע דארף קיינע נאָטען, און די אמת׳ע געפלינעלטע גע־דאנקען פון דיינקער קענען זיך בענעהן גאָר אָהן א דיפּלאָמע. דאס איז וואס מיר הערען אין כל־נדרי. מען זינגט עס ניט, נאָר עס זינגט זיך אליין, פונקט וויא די איברים פון מענשען נעהמען זיך צוזאמען און קרעכצען אין כאָר.

כל־נדרי — דאס איז די שעהנסטע ביאָגראפיע פון אידען אויסגעדריקט אין טעננער, און דאס איז די אורזאכע ווארום יעדער „אִי״ שווימט אין ים הארמאָניע.

---

## די אידעשע ימים טובים.

לכבוד ידידי המטיף ה׳ יוסף זעף.

די אידישע יומים טובים איז די שעהנסטע טהעמע פיר א רעדנער וויא איהר זיינט, ווייל מען קען עס פערהאנדלען זעהר גלענצע:

יעדע יאהרעס צייט שטעלט פאָר אין מענשען׳ס איינבילדונג עפּעס אנדערס. דער ווינטער דערמאָנט אונז אָן טויט: די גאנצע ערד שלאָפט אונטער א בארג שנעע — נאטורס תכריכים. די בלומען האבען שוין לאנג נעגעבען זייער לעצטען זיפץ, די צווייגען וועלכע האבען פערלאָרען זייער גרינקייט שטעהען שטיל אָהן

לעבען און דיא ביימער זיינען פערזונקען אין א טיעפען הין־היגר־פלעם. ווינטער איז אלזאָ אנגענומען ביים פאָלק פונקט וויא בייא דיא פּאָטען אלס סימבאָל פון טויט.

פריהלינג איז דער סימבאָל פון לעבען און ליעבען, דען זאָבאלד וויא נאטור וועקט אויף דיא ערד מיט א קוס, פאנגט אן אלעס צו בליהען און גרין צו ווערען זומער איז ניט מעהר וויא א פאָרטזעצונג מיט מעהר קאָלירען פון פריהלינג וואס פריידיגט אונז לעבען און ליעבען.

אָבער וואס זאגט אונז דער הערבסט? דער פּאָעט האט צו איהם קיין חבר ניט אויפ'ן בוים און ניט אין קבר, ווייל דער הערבסט שטעלט פאר דאס ריינע פראקטישע לעבען, ווען מען נעהמט אראָב פון דיא פעלדער, און דער מענש געניסט דיא רייכע פרוכט פון דיא קערנער וואס זיין האנד האט אנפערטרויט אין בוזים פון דער ערד, הערבסט איז אלזאָ א מין חג־האסיף, ווען דער מענש זאמעלט אויף אלעס פון פעלד אום צו קענען געניסען דאס לעבען.

מיר האבען קיינע אידישע ימים טובים אין ווינטער, ווייל אונזערע פייער־טעג טראָגען דעם שטעמפּעל פון בליהען, לעבען און געניסען. פסח פייערן מיר ענדע ווינטער, צו בעגריסען דיא פרייהייט וואס איז געבאָרען געוואָרען פאזע מייך נילוס. שבועות בעגריסען מיר דאס ליכט פון בילדונג און געזעטץ אין רעכטען מיטען פריהלינג, און סכות איז אונזער גרויסער יום טוב פון אגריקולטור — חג האסיף. און וויא פייערן מיר דעם חג האסיף? אין א סכוה וואס איז באדעקט מיט גרינס, מיט איין אתרוג, דיא שעהנסטע פרוכט וואס דיא וועלט פערמאָגט, מיט א לולב, הדסים און נאָך, זאָלכע מינים וואס שטעמפּלען מיט יונגעד דיא גאנצע מעשי־בראשית.

אונזערע אלע ימים טובים זיינען אלזאָ נאטירליך וויא נאטור אליין, אונד האבען גאר ניט צו טהאָן מיט איבער־נאטירליכע חלומות, וויא דיא ימים־טובים פון קריסטענטהום.

מיר פייערן קיין יום טוב דעם טאָג ווען אונזערע נביאים זיינען געבאָרען געוואָרען, מיר האבען אויך קיין טרויער־טאָג אין אונזער לוח צו בעוויינען דעם טויט פון ישראל'ס גרויסע אָדלערס. מיר פייערן נור נאטירליכע ימים־טובים וועלכע האבען צו טהאָן מיט אונזער נאציאָן אָדער מיט דיא גאנצע מענשהייט.

מיר בעגריסען יעדען יום טוב אין אלע וועלט־טהיילען, ווייל ער טורמילט

אונז אין אויער דיא גרויסע וואהרהייט אז ישראל סבא, דער אלטער באָרדער, לעבט נאך אין האט נאך אויך יעצט גענוג יונגענדליכע קראפט צו האָפען אויף דיא גאָלדענע צייטען וואס מען האָט אונז פערשפראָכען אין גאָטעס אלבום — דער בוך וואס האָט געלענט דעם גרונד־שטיין פיר אלע דורות.

---

## שכנים אין גרויסע שטעדט.

---

**פריינד יעקב נינזבורג, פילאַדעלפיא.**

איהר וואונדערט אייך ווארום שכנים ליעבען זיך נים אין נויאָרק. איך וואונדער זיך דאס זעלבע, אָבער דער פאקט איז דאך אזוי.

יא, שכנים ליעבען זיך נים אין דיא גרויסע שטעדט, און נויאָרק גיבט אונז דעם בעסטען ביישפיעל וויא שווער עס איז צו פאָלגען דיא געבאָט וואס הייסט אונז ליעבען אונזער חבר, ווען דיעזער חבר איז אונזער שכן! ווען שכנים פון א טענעמענט־הויז רייסען זיך נים צוליעב זייערע קליינע קינדער וואס האבען קיין שלום נים אין סטרים, ווען דיעזעלבע שכנים געהען אזוי ווייט מיט זייער עדעל־קייט אז איינער צום צווייטען גיבט א שאָקעל מיט'ן קאָפּ אויפ'ן בריקעל — איז שוין דאס דיא גרעסטע העלדענטהאט וואס מען קען ערווארטען פון שכנים אין א גרויסע שטאָדט. אָבער נעהנטערע בעקאנטשאפט געהט יעדער זוכען מיט א שטראסען ווייטער וואו מען זעהט איהם קיין מאָל נים אין פאנטאָפעל, וואו מען הערט נים וויא זיין ווייב רופט איהם דורכ'ן פענסטער אויפ'ן קוויטש אז זיא האָט פיר איהם אָבגעבראָטען א לעבערל אָדער אז דיא בייבי ווייגט און לאָזט איהר נים אויסקעהרען דיא קיך.

נור, ווען מיר זוכען אימער אויס צו מיידען שכנים, בערויבען מיר דאך פון זיך אליין דעם שעהנסטען פערגנינגען וואס זעצט ארויף א קרוין אויף דאס לעבען אין א גרויסע שטאָדט! לעבען פריינדליך מיט שכנים איז נים נור איין איידעלע

זאך, נור עס איז אויך א שטיק עולם־הזה וואס ברייננט אריין זאָנען־שיין אין אונזער געצעלט.

אויסטיידען א שכן — פאר וואס? ווען איהר טהוט יזס ברייננט איהר דאך שאדען צו איהם אייך. איהר זיצט און חלום'ט אין הויז אָדער איהר מוזט נעהן זוכען אביסעל פארעווע אונטערהאלטונג א שטיק ווענ אום דיא מרה־שחורה זאָל ניט מאכען פון אייך א תל. אייער שכן נעפינט זיך אין דיא זעלבע לאגע, און ער מוז נעהן פעדלען מיט א שטייבעל אום צו עם־פפאנגען צוריק, אלס צדקה, א „גוטען אבענד".

שכנים אין א גרויסע שטאָדט — עס איז ניטאָ ווער עס זאָל לאבען! זייא זיינען זיך אפשר ניט קיינע שונאים, אָבער זייא קענען זיך אזוי נכאס ניט ליידען. ווען מען זעהט שטעהן פאר'ן מהיר א טויטען־וואגען פרענגען דיא שכנים פון זעלבען הויז ווער עס איז געשטאָרבען! און ווען מען זאָגט זייא ווער דער בר־מנן איז, פרענגען זיי ווידער וואס דיא קראנקהייט איז געווען, ווען דאס איז געשעהן, ווער עס איז איבערגעבליעבען, און נאך זאָלכע פראגעס פונקט וויא דיא טראנעדיע וואָלט געטראָפען אין איין אנדער ספריט, און זיי פערגעסען יעצט אז דיא פערזאָן וואס ליגט שטיל אין שטומען הילצערנעם קאסטען איז געווען א שכן! עס קען זיין אז דיא שכנים האבען נאך נעהאָלפען גראָבען דעם אונצייטינען סבר, דע זיצען גאנצע טעג אליין וויא א נעפאנגענע נאכטינאל אין שטיינ האט אָפט צווייא וועגען: צום דול־הויז אָדער צום בית־עולם! „חברותא או מיתותא" זאגט דיא גמרא (תענית כ"ג) — „ענטוועדער געזעלשאפט אָדער דער סבר!"

שכנים אין א גרויסע שטאָדט — זיי זינדיגען איינער געגען דען אנדערן: אייער שכן רויבט פון אייך דאס וואס איהר רויבט פון איהם, און איינער מוז אָפט מאכען קידוש אויף דעם בעבער ניפט וואס ער האָט אָנגענאָסען פיר זיין שכן.



# קליינע מיינונגען פון גרויסע לייט.

ידידי חנן י. מיניקעס.

ענטשולדינט מיר וואס איך וועל אייך בעמערקען אז איהר יאגט אייך צו־פיעל נאך גדולים פיר אייערע „יום טוב בלעטער" איהר דארפט געבען מעהר „טשאנס" דיא יונגע שרייבערלאך, דיא נאוואבראנצעס. איך גלויב באמונה שלמה אז יעדער מענש אין זיין פאך איז א גדול.

אויב ער איז גרויס אין טאלענט אדער אין עהרליכקייט, אין ליעבע אדער אין רחמנות, אין פריינדשאפט אדער אין קוסטינקייט — איז ער א גרויסער מאן! אפילו ווען זיין גרויסקייט בעשטעהט נור דארין וואס ער קען בעוואונדערן א שעהנעס בילד אויפ'ן וואנד, א גוטען ארטיקעל אין בלאט אדער א זיסע מעלאדיע אין טהעאטער — איז ער אויך א גרויסער מאן, דיא גרויסארטיגע מעלות וואס מאכען דעם מענשען גרויס קען מען זעהן זעהר זעלטען און דיא ווירקליכע גדלות פון מענשען שטעהט איהם ניעמאלס אנגעשריעבען אויפ'ן פנים.

זעהט איהר דארט ביי א טיש איינינע מענשען זיטצען און אונטערהאלטען זיך? פלוצלינג האט זיך איינער פון זיי פערטראכט און שווייגט. עס איז זעהר מעגליך אז דורך זיין שטיל שווייגען פיהרט ער יעצט דורך א גרויסע העלדענטהאט נאכדעם וויא ער האט א לאנגע צייט אזוי ביטער געקעמפפט מיט פערשטאנד געגען ליידענשאפט! עס איז מעגליך אז דורך זיין שטילשווייגען פיהרט ער יעצט דורך א הייליגען פלאן פון וועלכען ער ווייסט אז ער וועט ליידען, אבי דיא מענשהייט זאל דערפון געניסען. איז עפעס געשטאנען פיעל אנגעשריעבען דעם גרויסען זאלא אויפ'ן געזיכט יענע ווילע ווען ער האט זיך בעדאכט צו מאכען א געוואלד ווענען דרייפוס, ווען עס איז ב״יא איהם געבליבען מקריב צו זיין אויפ'ן מזבח פון וואהרהייט זיין צוקונפט און אפשר אויך זיין נפש?

דיא וואהרע גרויסקייט פון מענשען ליגט אלזא אין זיין כאראקטער אדער אין זיין נאטור, און דאס באגעגנט איהר אין פאבריק פונקט וויא אין אוניווערזיטעט.

יא, דער ארבייטער וואס קען קוים דורכלעזען צווייא שורות פון א בוך אין זיין אייגענע מוטערשפראך, איז אפטמאל א פיעל גרעסערער מאן פיר דעם פערפאסער וואס האט אנגעשריבען דאס בוך!

עס איז אלזא דער גרעסטער אונזין צו זאגען אז נור דער גרויסער מאן מעג זאגען אדער טהאן דיעזעס, וויא מען הערט זעהר אפט. מיר אידען טרייבען לײדער דיעזען פעהלער אזוי ווייט אז אויף יעדען טריט זוכען מיר „אויטאריטעטען" דאס הייסט: מיר פערגעטערען אלע פערקריפעלטע געדאנקען וויא באלד זיי שטאמען פון א „גרויסען מאן" און מיר ווארפען בלאטע אויף דיא בעס־ע וואהרהייטען וואס זיינען אויסגעשפראכען פון איין עהרליכען מאן. מיר געפינען אפט דעם בעס־טען ארגומענט אין בשלומא ער מעג, ווייל ער איז א גרויסער מאן.

יעדער מענש אין זיין פאך איז א גרויסער מאן, און דאס נאטירליכע ליכט פון אונזער פערשטאנד דארף אונז אימער פיעל ליעבער זיין פאר דיא געקינצעלטע שטראהלען פון יענעם'ס גרויסקייט. ווער פון אונז האט שוין ניט בעגעגענט אין זיין לעבען „גרויסע לייט" וועלכע בעזיטצען אייגענע שפראך, וועלכע זיינען אנגעשטאפט מיט וויסענשאפט, און האבען דאך א קרומען שכל? אויך פערקעהרט, וויפיעל לייט זעהען מיר טעגליך וועלכע האבען נאר קיין בילדונג גענאסען, וועלכע מאכען המוציא איבער א רעטאך און בורא מיני מזונות איבער א דונער און עס איז דאך א פערגניגען צו הערען וויא שעהן זייא דענקען, וויא ריכטיג זיי רעדען! מיט דעם געבילדעטען „גרויסען מאן" קענט איהר אפט זיך ניט צוזאמען רעדען, און פון דעם קלוגען עקספרעססמאן קלייבט איהר נחת. איבערינענס, וואס איז דער וואונדער? בילדונג קען נור פערשעהנערען דעם מענשען'ס פערשטאנד, אבער ניט פאברצירען א פערשטאנד ביי דעם יעניגען וואס האט עס ניט!

בשלומא ער מעג — האלט! ווער איז דער ער? כלנו חכמים! יעדער מענש איז א גדול אין זיין פאך, זאגאר ווען ער האט ניט שטודירט דיא שווארצע פינ־מעלאך. אזא מאן בעדיענט זיך ניט מיט דיא געקינצעלטע שטראהלען פון וויסענ־שאפט, נור מיט זיין אייגענעם נאטירליכען פערשטאנד, און זיין מיינונג האט דארום אפט מעהר געוויכט פאר דיא מיינונג פון א פראפעסאר וועלכער קנייטצט זיין שטערן. דיא נאטירליכע שטראהלען פון דער זון האבען אימער מעהר גלאנץ פאר דיא שעהנע שטראהלען וואס קומען פון דיא עלעקטרישע קראפט.

בשלומא ער — עס איז ניטאָ קיין ע ר, ר' קרוב! מיר זיינען אלע „ערס" יעדער אין זיין פאך, און עס איז דער גרעסטער אונגליק וואס מיר קניען זיך פיר קליינע מיינונגען פון גרויסע לייט!

# ד"א זיסע שפראך פון יסורים.

הערהן ד. גרינבערג, סינסינאטי.

מיר זיינען אין מאי, דער מאָנאט פון דיא בלומען. לאָמיר רעדען פון פאָעטען, דיא וואס זינגען פאר אונז.

איז עס ניט טרויעריג צו הערען אז זייט דיא וועלט עקסיסטירט, האט אָרימקייט אויסגעזוכט איהר וואָהנונג אין הויז פון פאָעט וועלכער בעזינגט מיט זיין פעדער אלעס וואס איז שעהן און בעוויינט אלעס וואס איז טרויריג? איז ניט א וואהרער אונגליק צו דענקען אז דער יעניגער וועלכער קען אריינגעבען מיט זיין פעדער פלינלען אין אייער שמערץ, האָפנונג און פרייד — אזא בענאבטער מאן מיט אזא רייכע זעעלע זאָל אימער האבען איין אָרימע טאשע און א מאָגערען פאקעט־בוך? איז עס ווירקליך נויטווענדיג אז פאָעזיע און קבצנות זאָלען געהן צו־זאמען? מערקווירדיג! דיא פאָעטען וועלכע זיינען דיא איינציגע וואס רעדען בלומען־שפראך, בענעגענען אין לעבען לויטער דערנער.

איך מיין יעצט ניט דיא אידישע פאָעטען אליין, דיא יעניגע וועלכע זינגען אויף אונזער אלטע העברעאישע הארפע אָדער אויף דער לירע פון אונזער יעצטיגע מאמע־לשון. איך מיין אלע פאעטען אין אלע שפראכען, דען אויב איהר זוכט היער אָדער אין ענגלאנד אין פראנקרייך אָדער אין דייטשלאנד — וועט איהר געפינען וואר־ניט־וואו א פאָעט וועלכער האט זיך ניט בעדארפט אָנשטרענגען מיט זיין קאפף געגען נויט. וויקטאָר הוגאָ, טעניסאָן, געטהע, קיפלינג און אונזער אייגענער משורר ר' יהודה ליב גאָרדאָן האבען ניט געהאט וואס זיך צו בעקלאגען אויף זייער פעדער וואס האט זיי געבראכט מעהר וויא כבוד. אבער מיר רעדען יעצט ניט פון זעלטענע אויסנאהמעס, נור פון פאָעטען אין אלגעמיין. דער בלינדער גריכישער פאָעט האָמער האָט, אין דיא צייטען פון יפתח הנלעדי, געמוזט ארומוואנדערן פערוואָנעלט

פון דאָרף צו דאָרף פאָרטראַגען זיינע ליעדער פאר א מאָהלצייט. דאַנטע, דער אונשטערבליכער איטאַליענישער דיכטער וואס האט אונז נעגעבען א פאָלשטענדיגע ביאָגראפיע פון גן־עדן, האט געמוזט אויסוואַנדערן פון זיין היים זוכען ברויט וואס ער האָט ניט געפונען. דער פראַנצויזישער פאָעט פאָל מורזשער איז געשטאָרבען יונג אין א האָספיטאל פון מאַנגעל. נאָך א גרויסער פאריזער פאָעט, העזיפ מאראָ, האט פערפאסט זיינע בעסטע ליעדער אונטער איין עקספרעס וואָגען, ווייל ער האט קיין היים ניט געהאט. באַירנס, מור, הוד און לאָנגפעללא זיינען נעווען אָרים. היינט ווער קען אויסרעכענען דיא גרויסע ארמעע אידישע פאָעטען וועלכע האבען געזונגען אין אונזער שפראך מיט ליידיגע מאָגענס?

דיא וואהרהייט איז, עס איז נאָך ניט געקומען דיא געבענטשטע צייט אז פאָעזיע זאָל זיך בעצאָהלען, און פאָעטען זאָלען האבען באַנק־ביכעלאך. „גאָלדענע צייט" איז נאָך פון דיכטער ווייט, און דאס איז גראָדע א מעלה פיר דער וועלט, אויב ניט פיר דיא פאָעטען: דער פאָעט קען אויסניסען זיי־ע רייכע געפיהלען אין געפלינעלטע געדאַנקען נור דאן ווען ער ליידעט, ווען עס פעהלט איהם עפּעס. ווען דער דיכטער ליידעט א סך, קען ער אונז איבערגעבען איין עפּעס פון זיינע ליידען שווארץ אויף ווייס. אָבער דער דיכטער וואס האט קיין מאָל ניט געליטען, דער קען קיין קריטיק מאכען אין אונזער זעעלע עס פעהלט איהם דיא שפראך פון יסורים! לארד באַיראָן האט דיעזען געדאַנק אויסגעדריקט אין דיא פאָלגענדע פרעכטיגע צוויי שורות:

Great bards are cradled into poetry by wrong,

They learn in suffering what they teach in song,

„ווען פאָעטען שלאפען איין פערשמאכט

אין ווינעלע פון פאָעזיע גאַנץ מיד,

לערנען זיי פון דיעזע שווארצע נאכט,

וויא מיר זאָלען פערשטעהן זייער ליעד".

פונקט וויא א בלום וואס גיבט ארויס איהר גאַנצע זיסקייט נור דאן ווען מען צודריקט איהר, דאס זעלבע איז מיט'ן דיכטערס הערץ. ווען לאָרד באַיראָן, פערסי, שעללי, אונזער מאַנע הצייר, ר' יצחק ראַבינאָוויץ און אנדערע וואָלטען געלעבט גליקליך, וואָלטען זיי אונז ניט איבערגעלאָזען אזא זיסע ירושה.

עס איז גענוג טרויריג אז דיא מענשהייט קען פערשטעהן אויף א גוטען ליעד נור דאן ווען דעם זינגער'ס הערץ טריפט מיט בלוט.

# ווער לאַכט צום לעצטען.

פריינד מ. ט. איהר זאָגט איהר האט מורא צו דרוקען אייער ווערק מען זאָל אייך ניט קריטיזירען און אויסלאכען. איהר זיינט ניט דער ערשטער.

וועלכער גרויסער מאן האט קיין מורא ניט פיר דיא קוילען פון געלעכטער? זייט אונזער מוטער שרה האט אויסגעלאכט דעם גאסט וואס האט איהר צוגעוואונשען אז זיא זאָל האָבען א זוהן אויף דער עלטער—זייט אוראלטע צייטען האט יעדער פילאָזאָף, יעדער ערפינדער יעדער פערפאסער פון א נייע סיסטעמע מורא געהאט פיר דיא קוילען פון געלעכטער פיעל מעהר וויא פיר דיא פיילען פון בוינען און קוילען פון ביקס. יעדער מענש וואס וויל היינט ארויפקלעטערן אויפ'ן לייטער פון וויסענשאפט, יעדער צוקינפטיגער גרויסער מאן וואס וויל זיך דורכשלאגען א וועג אין פאָליטיק, ליטעראטור אָדער קונסט, האט מורא מעהר וויא פיר אלעס טאָמער וועט מען איהם חלילה אויסלאכען, טאָמער ווער איהם דיא וועלט ניט פערשטעהן, טאָמער וועט מען אננעהמען זיינע פראָיעקטען אלס לעכערליך!

עס איז ניט אנגענעהם צו שטעהן אויפ'ן שלאכט־פעלד נעגען א מבול פייער פון קאנאָן. עס איז אבער נאך וויינינער אנגענעהם פאר'ן גרויסטן מאן צו שטעהן אויפ'ן לאך־פעלד נעגען דעם שטראָם „חא־חא־חא" פון לץ און אויסהערען וויא מען יעקט פון איהם! זעהען מיר דען ניט אין לעבען וויא מענשען מיט פערשטאנד בענעהן זעלבסטמאָרד נור פון ערנערנים. ווייל מען האט זייא אויסגעלאכט אָדער פון מורא מען זאָל זיי ניט אויסלאכען?

דיא וואהרהייט איז אז אָבלאכען פון א זאך אָדער פון א פערזאָן איז ווירקליך דיא מעכטינסטע געוועהר, ווייל דאָרט וואו דער ערנסט קען ניט שאדען, קען עס דיא לעכערליכקייט טהאָן זעהר שנעל. לאכען איז אויך פיר יעדען דער לעצטער אַרגומענט, ווייל עס איז שווער צו דענקען, אבער לייכט ארייגצולאכען א געגנער אין פנים מיט א מינע וואס מיינט „עס איז ניטאָ מיט וועמען צו רעדען". וואס דארפט איהר מעהר? איהר אליין געפינט אייך אָפט געצוואונגען מיט צו לאכען מיט'ן המון פון מורא וועגען מען זאָל ניט לאכען פון אייך פאר־וואָס איהר לאכט ניט!

אין רעליניאָן, ליטעראטור, פאָליטיק, וויסענשאפט זשורנאליזם און קונסט האָט דער לאך א גרויס'ע גבורה. קאָלאָנעל איננערסאל האָט אָנגעפאקט פוקע

מענשען וואס זיינען געקומען איהם הערען פאר געלד וויא ער לאכט פון קריסטענטהום. ווען אינגערסאל וואָלט אבער געברויכט ערנסטע ארגומענטען און פילאָזאָפישע בעווייזע, דאן וואָלט ער גערעדט צו ליידיגע בייגק. אזוי איז אין אלעם. דיא קאָמישע בלעטער לאכען ניט אָב פון מארק האננא'ס פעהינקייט אָדער פון קליוולאנד'ס טאלענט, נור פון זייערע ברייטע מאָרדעס. דיא דעמאָקראטישע בילדער גרייפען ניט אָן רוזוועלט'ס עהרליכקייט, נור זיי קריטיזירען זיינע צייהנער און זיינע בריהלען!

איז דען דאָ אויף דער וועלט גרעסערע שמערצען וויא דיא וואס איוב האָט געליטען? דאָך זיין גרעסטען זיפץ האט ער געגעבען אין קאפיטעל 30 פאר וואס מען לאכט פון איהם — ועתה שחקו עלי צעירים ממני לימים! (צו אלע מיינע צרות לאכען נאָך דיא יונגע לייט פון מיר!).

עס איז נאָך א שטיקעל גליק וואס דער המן וואס לאכט מיט, האט ניט קיין צוטרויען אין דעם וואס רופט ארויס דעם געלעכטער. דאס פאָלק וואס ישעצט דעם טאלענט פון א בדחן, האט קיין אמונה אין איהם, און סימפאטהיזירט דאָך ענדליך מיט דעם אויסגעלאכטען, ווען דער אונגליקליכער איז נור גענוג שטארק אויסצוהאלטען דיא קוילען פון געלעכטער, און ווען ער האָט דיא גערעכטינקייט בייא זיין זייט. מען דארף ניט פערגעסען אז דער געלעכטער טעדטעט נור סוף־כל־סוף דאס וואס איז לעכערליך.

ווער סען דא אויסרעכענען דיא גרויסארטיגע ערפינדונגען פון וועלכע דיא וועלט האט געלאכט און וואס לאכען ענדליך פון דיא וואס האבען געלאכט? האָט מען וויינג געלאכט ווען מאָרס האָט געהייסען ציהען אלס פראָבע דעם ערשטען טעלעגראפישען דראָט צווישען באלטימאָרע און וואשינגטאָן? מאָרס האָט דאָך אפילו מורא געהאט צו זיין ביי דער צערעמאָניע מען זאָל איהם ניט אויסלאכען! האט מען ווניג געלאכט אין פראנצויזישען סענאט ווען מען האט געהייסען בויען דיא ערשטע אייזען באהן? האט דיא פאריזער אסאדעמיע וויינג חוזק געמאכט פון היפנאָטיזם וואס זיא אליין ערקלעהרט יעצט? האבען אונזערע דייטשע בריעדער אין אמעריקא וויינג געלאכט פון דיא זשארגאָנישע צייטונגען וועלכע איבערשטיינען יעצט מיט אזא גלאנץ דיא אידיש־ענגלישע און דייטש־אידישע בלעטער?

עס זיענט נור דער וואס לאכט דער לעצטער.

---

# לעצטע שריפטען

— פון —

## מענדעלי מוכר ספרים.

(ש. י. אבראמאוויץ)

---

דיא לעצטע שריפטען איז א זאמלונג פון פערשידענע זשורנאלען אונד צייטונגען וואו דער פאטער פון דער אידישער ליטעראטור ש. י. אבראמאוויץ האט אין דער לעצטער צייט געשריבען.

יעדע פון די שריפטען איז א מייסטערהאפטע קריטיק איבער דעם אידישען לעבען אונד ווירקען אין רוסלאנד, אונד אין דער זעלבער צייט איז עס פול מיט הומאר, וויטץ אונד שארפזינן אונד זעהר אינטערעסאנט אונד שפאנענד צו לעזען.

אין איינע פון דיא שריפטען ווערט געשילדערט מיט דער קראפט פון מענדעלי'ס פעדער די לעצטע אידישע צרות אונד פאגראמען אין רוסלאנד, אונד דיעזע שילדערונג אליין איבערשטייגט אללעס וואס ער האט פאָרהער געשריבען, אפילו פון זיינע צוויי בעריהמטע ווערק ווי דיא „קליאטשע" אונד „פישקע דער קרומער" עס איז א קונסט ווערק אונד עס איז ווערטה צו לעזען אונד שטודירען.

**פרייז 35 סענט** (פארטא פרייא)

---

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער, ווי אויך ביי די פערלעגער

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85-87 Canal Street New York.

— דער —

# אידיש אמעריקאנער רעדנער

## א ריעזען ווערק אין אונזער מאמע לשון.

---

**דער אידיש אמעריקאנער רעדנער,** ענטהאלט 600 זייטען אָנגעפילט מיט דיא בעסטע און פּאָפּולערסטע רעדעס געשריבען אין די שעהנסטע און דייטליכסטע אידיש, פון די גרעסטע אידישע רעדנער אין אמעריקא, ווי אויך פון דיא בעריהמטע אידישע שריפטשטעללער, וועלכע האָבען ספּעציעל געשריבען פאר דיעזע ענציקלאָפּעדיע פון רעדנער קונסט וואָס וועט בלייבען אלס דער שעהנסטער מאָנומענט פון קונסט אין אונזער מאמע לשון.

**דער אידיש אמעריקאנער רעדנער,** ענטהאַלט אַ גרויסע הקדמה איבער די קונסט פון האַלטען א רעדע וויא אויך פיעלע רעדעס צו האַלטען ביי אַ ברית, אַ מזל־טוב, אַ פדיון הבן, אַ בר מצוה, אַ תנאים, אַ חתונה, זילבערנע און גאָלדערנע האכצייטען, ביי אַ לויה, שטעלען אַ מצבה, חנוך הגדר א. ז. וו.

**דער אידיש אמעריקאנער רעדנער,** ענטהאלט אויך פרעכטיגע רעדעס פיר לאָדזשען, פעראיינען, קלאָבּס, געבורטס־טאָג פּאַרטיעס, סיום התורה און ציוניזמוס, רעדעס פיר יוניאָנס און העכסט בעלעהרענדע פּאַטריאָטישע רעדעס פיר אַללע אידישע ימים־טובים צו האַלטען אין שוהל און אין האָלל, וויא אויך אַ בוקעט הומאָריסטישע רעדעס צום לאַכען ביי געוויסע געלעגענהייטען.

**דער אידיש אמעריקאנער רעדנער,** איז רעדאקטירט פון פּראָפעסאר ג. זעליקאָוויץ, (סמבטיון, ליטווישער פילאָזאָף) וועלכער האָט אלס רעדאקטאר פון בוך, אליין אויך געשריבען צעהנדליגע רעדעס פיר יעדע געלעגענהייט.

## ענגלישע רעדעס.

**דער אידיש אמעריקאנער רעדנער** האָט אויך אַ ביילאַגע פון פערשיעדענע ענגלישע רעדעס, פיר אַמעריקאַנאַזירטע אידען וועלכע קענען שוין רעדען אין דער לאַנד'ס שפּראַכע, דיעזע ענגלישע רעדעס זיינען גענומען פון די בעסטע און גרעסטע אמעריקאנער רעדנער איבער און בעאַרבייטעט נאכ'ן אידישען געשמאַק.

## בר־מצוה רעדעס.

א בעזונדער טהייל פון דעם **אידיש אמעריקאנער רעדנער,** איז געווידמעט פיר בר־מצוה רעדעס, וואָס יעדע פון זייא איז א פערל, און געשריעבען פון דיא גרעסטע פּאַבליסיט און פּעדאָגאָגען. די בר מצוה רעדעס זיינען אין 3 פערשיעדענע שפּראַכען אין אידיש ענגליש און העברעאיש.

| | |
|---|---|
| פּרייז פיר דעם אַמעריקאַנער רעדנער מיט דיא בר מצוה רעדעס | 150 |
| פּרייז פיר די בר־מצוה רעדעס אליין, פּאַפּיער באַנד 35, קלאָטה באַנד, | 50 |

עס איז ערשיענען א זאמלונג פון

# ל. קאבּרין'ס

# שריפטען.

### ענטהאלט פאלגענדע דרייצעהן געוועהלטע שריפטען.

---

| | |
|---|---|
| דער פערשטערטער שבת | רחל'ע דיא שטומע |
| בּרוך דין אמת | בּרוך'קע |
| אַנגאס מה נשתנה | קאַרל מארקס |
| אמעריקא ממזר | נאך גאר א גרינער |
| דזשענ'ס כל נדרי | פאַר וואס סיימאן וויל ניט חתונה האבּען |
| און ער האט ווידער געשמייכעלט | וואוהין, וואוהין ? |
| דער אמת | |

---

דאָס בּוך ענטהאַלט 225 זייטען, געדרוקט אויף שעהנעם פּאַפּיער אונד פיין געבּונדען,

**פּרייז 25 סענט.** (פּארטא פרייא)

---

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal Street, New York.

# אלע כתבים פון מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י׳ אבראמאוויץ).

---

**אלטע מעשה** אדער א נאכט אין צרות, א בילד פון אידישען לעבען אין דער ליטא, 10

**ווינש פינגעריל**, א מתנה פיר דיא ליעבע אידישע קינדער, 15

**דיא טאקסע** אדער דיא שטאדט בעלי טובות, א מייסטערהאפטע קריטיק איבער דעם אידישען צושטאנד אין רוסלאנד, אין דער צייט ווען אידען האבען זיך אהן א טאקסע ניט געקענט בעגעהן, 15

**יודעל**, א ספור המעשה אין שירים, אין דיזע ווערק איז אבראמאוויץ דורכגעגאנגען דיא גאנצע יודישע געשיכטע פון אנפאנג ביז היינטיגען טאג, 15

**ישראליק דער משוגענער**, א מייסטערהאפטע קריטיק איבער דיא לעצטע פאגראמען אויף אידען אין רוסלאנד, 10

**לעצטע שריפטען** א זאמלונג פון זיינע לעצטע שריפטען. 35

**פישקע דער קרומער**, א מעשה פון אָרימע יודישע לייט, 15

**דער פריזיוו**, א דראמא אין 5 אקטען. 15

**דיא קליאטשע** אדער צער בעלי החיים, דאס איז דיא בעסטע מייסטערווערק וואס איז ארויס פון אבראמאוויץ׳עס פעדער און האט געמאכט א שטורם צווישען דעם לעזע־פובליקום אין דער גאנצער וועלט. „דיא קליאטשע“ איז אויך איבערזעצט געווארען אין אללע וועלט שפראכען און ווערט גערעכענט פיר א ליטעראַרישען אוצר אין דער גאנצער וועלט ליטעראטור, 15

**דאס קליין מענשעלע**, א מייסטערהאפטע ווערק וועלכע איז פולל מיט וויטץ, הומאר אונד שארפזינן אונד דערביי איז עס א גוואלדיגע קריטיק איבער דיא אידישע שטאדט־בעלי־טובות, רעדעל־פיהרער אונד סתם בעלי־צדקות אונד גוטע אידען פון רוסלאנד, 15

**א רייזע־בעשרייבונג פון בנימין דעם דריטען**, וויא ער איז אויף זיינע נסיעות פערגאנגען גאנץ ווייט, אז אונטער דיא הרי חושך, און האט זיך גענוג אנגעזעהן און אנגעהערט חדושים, שעהנע זאכען, וועלכע זיינען זעהר אינטערעסאנט צו לעזען. 10

**שלמה ר׳ חיים׳ס**, א שילדערונג פון דעם אידישען לעבען אין דער ליטא, וועלכע איז זעהר אינטערעסאנט, שפאנענד און בעלעהרענד, און ווערט גערעכענט פיר איינע פון דיא בעסטע ווערק וואס מענדעלע מוכר ספרים האט אין דער לעצטער צייט ארויסגעגעבען, 10

# גראף לעא טאלסטאי'ס ווערקע.

בעארבייטעט אין אידיש, פון ד. מ. העדמאלין.

---

**איוואן איליטש'עס טויט**, א שילדערונג איבער דעם איבערגאנג פון לעבען צום טויט, וואס מען דעקט און פיהלט אין דיא לעצטע מינוטען פון לעבען, 10

**איוואן דער נאר**, דיעזער בוך שילדערט פאר אונז בילד, א וועלכעס עפענט אויף אונזערע אויגען צו זעהן א נייע וועלט מיט נייע מענשען, 3

**איך און מיין מאן**, א שילדערונג איבער דער אונגלייכהייט אין פערהייראט־העטען לעבען, און וועלכע הייראטה עס פיהרט צו גליק, און וועלכע צו אונגליק, 0

**אננא קארענינא**, א שילדערונג איבער דיא ליידענשאפט פון א יונגע שעהנע פרוי, ווען זיא פאלט אריין צו אן עלטערן אבגעלעבטען מאן אונד פערליעבט זיך ענדליך אין א פרעמדען יונגען און שעהנעם מאן, וויא אזוי זיא ליעבט, ליידעט, געניסט פון איהר רייץ און פאלט ענדליך אלס אפפער פון דער ביטערער שלאנג—אייפערזוכט, 25

**טאלסטאי'ס ביאגראפיע**, א בעשרייבונג איבער זיין לעבען, ווירקען און איינפלוס איבער זיינע מיטמענשען, מיט א בייל‏אגע פון זיין בילד. 3

**מיין וידוי**, א שילדערונג, צו וועלכען צוועק מענשען זיינען בעשאפען געווארען, לעבען אויף דער וועלט און ליידען צרות, 10

**מיין פריינדס פרויא**, א שילדערונג איבער דיא געמיינהייט און פערדארבענהייט וואס פאלשע ליעבע קען ארויסברייננגען, 10

**דער נסיון**, א שילדערונג איבער דעם קאמפף פון אנשטאנד מיט אויסגעלאפענהייט, פון מאראל מיט פערדארבענהייט, און פון עדעלען מענער־מוטה מיט ערניעדריגטער פרויען־שוואכקייט, 10

**פאליקושקא**, א בילד פון דעם בויערישען לעבען אין רוססלאנד, 10

**דיא פערפיהרונג**, א שילדערונג איבער אזא סארט לעבען, וואס איז פול מיט מענשליכער אויסגעלאסענהייט און פערדארבענהייט, 10

**דיא צוויי דורות**, א שילדערונג פון דעם רוסישען לעבען, איבער זייער אונ־טערהאלט, בעלער, חתונות, ציגיינער טענץ און קארטען שפיעל, 10

**דיא קרייצער סאנאטא**, א שילדערונג איבער דער פערדארבענהייט אין פערהייראטהעטאן לעבען, עס ווערט בעוויעזען מיט פאקטען, אז קיין אמת'ע ליעבע עקזיסטירט גאר ניט אין דער מענשהייט, עס איז נור בלויז ליידענשאפט, פאלשקייט און בעטרוג, 10

**קריעג און פריעדען**, אין דיעזען בוך ווערט געשילדערט דער בלוטיגער יאהר 1812, ווען נאפאלעאן האט איינגענומען גאנץ איירופא, דיא מפלה פון דעם גרויסען קריעגס העלד אין מאסקווא, און דיא גאנצע פאליטיק פון איירופא צו יענער צייט, דאס איז דער גרעסטער און בעסטער ראמאן וואס גראף טאלסטאי האט געשריעבען, 50

**תחית המתים**, א שילדערונג, וויא איין אלטער בעל־עברה'ניק ווערט א בעל תשובה, און וויל גוט מאכען זיינע אלטע חטאים, 15

# עמיל זאלא'ס קלאסישע ווערקע.

## בעארבייטעט אין אידיש פון

## ד. מ. הערמאלין און אנדערע בעריהמטע אידישע שרייבער.

---

**בלוטיגע חתונה**, אדער דיא שלאכט ביי דער מיהל, א מייסטערהאפטע שיל־
דערונג איבער דיא שרעקליכקייטען פון א מלחמה, 10

**א גלחם זינד**, א שילדערונג איבער דיא העכסטע ליעבעס־געפיהל אין דעם
קאמפף מיט דיא פינסטערע געדאנקען, 10

**דיא דארפס־מיידעל**, א רעאליסטישע שילדערונג איבער מערבען־אונשולד
און מענער פערדארבענהייט, 10

**דער ווייבערשער גן־עדן**, דאס איז א בוך וואס האט געמאכט דעם גרעס־
טען סענזאציאן אין אללע וועלט־שפראכען און איז פערקויפט געווארען
אין דיא הונדערט־טויזענדע עקזעמפלארען, 25

**זשערמינאל אדער נאנאנס ברודער**, אין דיעזען בוך ווערט געשיל־
דערט נאטור־טרייא דאס לעבען און ווירקען פון דער ארבייטער־קלאסע
און דער קאמפף פיר זייער עקזיסטענץ, דאס איז דער גרעסטער און בעס־
טער ראמאן וואס עמיל זאלא האט אויפגעשריבען, 40

**טויט שלענער** אדער נאנאס מוטער, אין דיעזען בוך ווערט געשילדערט וויא
אזוי „נאנא" וועלכע איז געוועזען איין איינפאכע מיידעל פון פראסטע
עלטערן, איז געקומען צו דער שטופע פון א בלענדענדער וועלט־דאמע, 30

**דיא ליעבעס נאכט**, דיעזער בוך דעקט אפ דעם שלייער פון דיא פרומע
נשמות פון דער אריסטאקראטיע און צייגט אונז וויא אונטער דער מאסקע
פון רעליגיאן ליעגט בעהאלטען א וועלט מיט שמוטץ, אויסגעלאסענהייט
און פערדארבענהייט, 10

**לעבען און טויט**, א שילדערונג איבער דיא געפיהלע פון היהנער־פלעט און
וויא עס שמעקט בעגראבען צו ווערען לעבעדיגערהייט, 10

**דיא מענשליכע בעסטיעס**, אין דיעזען בוך צייגט אונז עמיל זאלא דיא
בעסטיע אין מענשען־געשטאלט, דיא בלוט בעפלעקטע הענד פון פראנק־
רייך'ס פאלק און דיא מיט שמוטץ און עקעלהאפטע מאסקע וואס פראנק
רייך'ס גרויסע לייטע טראגען,

**נאנא,** א שילדערונג פון א געפאלענע פרויענצימער וועלכע מאכט דורך אללע שטופען פון אן אויסגעלאסענעם לעבען, אנגעפאנגען פון אן איינפאכע שטראסען מיידעל ביז א בלענדענדע וועלט־דאמע, פ״ל וועלכע פירסטען פרינצען, גראפען און באנקירען פאלען צו איהרע פיס וועק זייא קומען מיט איהר אין בעריהרונג, 35

**נאנטאס אדער דער געקויפטער מאן,** א שילדערונג וויא אזוי א יונגע און וואונדערשעהנע מעדכען איז געפאלען צו דער זעמיינהייט פון א פער־פיהרער, 10

**פערגיפטעטער קוס,** א שילדערונג וועלכע איז אינטערעסאנט, שפאנענד און ריהרענד און ווערט גערעכענט פיר איינע פון דיא בעסטע ווערק וואס זאלא האט געשריעבען, 25

**דיא פאריזער דאמען,** אין דיעזען בוך עפענט עמיל זאלא דיא אויגען פון פיעלע דומע מענער, וואס בעהויפטען אז אונטער טויזענד פרויען גיבט קיין איינציגע א רעכטע. צו זעהן גראדע דעם געגענטהייל, אז אונטער טויזענד פרויען קען מען געפינען א סך רעכטע, וועהרענד אונטער טוי־זענד מענער קען מען ניט געפינען קיין איינציגען א רעכטען, 10

**פון חופה צום קבר,** אין דיעזען בוך ווערט בעשריעבען דיא גרויסע וועלט שטאדט פאריז אין אייערע ריכטיגע פארבען, דיא דונקעלסטע פלעטצער, וויא אויך דיא רייכסטע סאלאנען וואו דיא שטאלצע אריסטאקראטען, מיט זייער גאנצער פערדארבענהייט, טהוען אפ דיא שענדליכסטע גוואלד טהאטען, 10

**פרויען־ליעבע,** א שילדערונג איבער דיא געפיהלע פון א פרויענצימער און דיא אנציהונגען צו איהר מאן וועלכע אונטערליעגען מערקווירדיגע וועקסלונגען. דער געניאלער עמיל זאלא בעווייזט וויא אזוי א פרוי־ענצימער איז אימשטאנדע צו ליעבען ניט נור איין מאן, עס איז אונגע־פעהר א בילד פון פאליאנדריע, (פיעל מענערייא), גראדע וויא עס איז און פאלינאמיע (פיעל ווייבערייא), 10

# דרייא נייע ביכער

## יעצט עבען ערשיענען!

---

## קין'ס צואה.

### פון א. טאַנענבוים.

דיעזע ווערק איז א קריטיק איבער דיא מענשליכע פערדאָרבענהייט, אונד צייגט וויא וויים דער מענש איז בלוט־דורשטיג אונד אז ער שטעהט ניט פיעל העכער פון א ווילדעס טהיער, אונד אין דער זעלבער צייט איז עס א וויסענשאפט־ליכע ווערק, וועלכע מאכט אייך בעקאנט מיט פיעלע אינטערעסאנטע זאכען.

פרייז, 15 סענט.—פּאָרטאָ פרייא.

---

## ניקאָלאַי דער ערשטער.

### פון נ. מ. שייקעוויטש.

א ראָמאַן פון דעם פערגאַנגענעם אונד געגענווערטיגען אידישען לעבען אין רוססלאַנד, וואו עס ווערט געשילדערט מיט ריכטיגע פאַרבען דיא לעצטע אידישע צרות אונד פּאָגראָמען וואס אידען זיינען אויסגעשטאַנען אין צארענלאַנד.

פרייז, 10 סענט.—פּאָרטאָ פרייא.

---

## פ אַ ו ס ט.

### פאָן געטהע.

וועלכע איז א וועלט־בעריהמטע דראמא אונד א וועלט־בעריהמטע אָפּערא איז בעארבייטעט אין איין ערצעהלונג פאָרמע פון

### א. טאַנענבוים.

דיעזע ווערק איז זעהר אינטערעסאנט אונד יעדער אידישער לעזער וואס האט נאָך קיין מאָל געזעהען אויפשפּיעלענדיג דיעזע וועלט־בעריהמטע דראמא אין איין טהעאטער, קען האבען א פאָלשטענדיגען בעגריף פון דיעזע קונסטווערק ווען ער לעזט דאס בייא זיך אין הויז.

פרייז, 10 סענט.—פּאָרטאָ פרייא.

